


**א צייטונג פיר יודישע פרויען און פאמיליע.**

ערשיינט יעדע וואך

רעדאקטארען:

פיר פובליציסטיק און וויסענשאפט.
ד"ר ה. ד. הורוויץ.

פיר בעלעטריסטיק און כראָניק־אבטהיילונג:
מ. ספעקטאר.

פערלאג „פאלקס־בילדונג“.

אבאנאמענטס־פרייז:
עסטרייך־אונגארן: יעהרליך 7.50 קראָנען,
האלב־יעהרליך . . . . 3.75 „
פירטעל־יעהרליך . . . . 1.90 „
דייטשלאנד: יעהרליך . . . 6.80 מארק.
אמעריקא, ענגלאנד יעהר. 6 שילינג 6 פענס.
אנדערע לענדער: יעהרליך 8.25 פראנק.
צוזאמען מיט דער „יודישע פאלקס־צייטונג“
יעהרליך 12.50 קראָנען; 11.20 מארק;
11 שילינג; 14 פראנק. האלב־יעהרליך
און פירטעל־יעהרליך לויט דיעזע רעכנונג.

די אדרעסע פיר עסטרייך־אונגארן
און אנדערע לענדער:
Administration
„Jüdische Frauenwelt“
Krakau, Sebastyangasse 32.

אבאנאמענטס־פרייז פיר רוססלאנד:
יעהרליך 3 רובל, האלב־יעהרליך 1.50 רובל
פירטעל־יעהרליך 75 קאפ.
צוזאמען מיט דער „יודישע פאלקס־צייטונג“
נור 5 רובל יעהרליך, האלב־יעהרליך 2.50
רוב"ל, פירטעל־יעהרליך 1.25 רובל.
איינצעלנע נומערן 7 קאפ. 14 העללער.
ענדערן די אדרעסע קאסט 20 קאפ.
40 העללער.

פרייז פיר מודעות (אנצייגען):
פיר יעדער קליינע שורה פעטיט 20 קאפ.
40 העללער, 50 פפעניג.

די אדרעסע פיר רוססלאנד:
Издательство „Тушія“ Варшава
для „ФОЛКСБИЛДУНГЪ“.
מינדליך נאוואליפקי 7.

Krakau, 12 November 1902. Nr. 20 קראקוי, י"ב מרחשון תרס"ג.

אינהאלט: פרויענבעוועגונג אין פערשידענע לענדער; וואלף דאנעמאן. — די פרויען־וועלט: I אלגעמיינע נייעס. II יודישע נייעס.

פעליעטאן: ווער ווייסט? (ראמאן); שלום־עליכם.

## די פרויענבעוועגונג אין פערשידענע לענדער.

(ענדע)

אין פראנקרייך פאדערען די פרויען א סך. געהען אויף אין אפענער מלחמה פאר זייערע רעכט. די דייטשע פרויען, ווי זייערע מענער די דייטשען, זענען א סך קאלטבלוטיגער, זיי רייסען זיך נישט וועגען אזעלכע הויכע זאכען, ווי דאס רעכט צו וועהלען מיטגליעדער אין פארלאמענט, דרוקען קיין מאַניפעסטען נישט און מאכען נישט קיין רעש. זייערע זארג זענען גאר פשוט'ע, בעל־הבית'ישע זארג, וועגען דער קיך. די דייטשען און די דייטשקעס זענען בטבע גרויסע עולם־הזה'ניקעס, האבען א שטארקע הנאה פון א פריש, גוט־געקאכט מיטאג און ווילען זיך טאקי דאס מיטאג בעסער, פרישער און דער עקר בילליגער מאכען. די בעוואוסטע דייטשע פעמיניסטין לילי בראון וויל גרינדען הויזליכע ארטעלען, וואס זאלען האבען זייער קיך, זאלען קויפען צוזאמען לעבענס־מיטעל און צו שטעלען יעדען טאג מיטאגען פאר 12—15 פאמיליען. איינמאל, ווערד אויסגערעכענט, וועט דאס מיטאג אויסקומען א סך בילליגער, אז מען וועט קויפען צוזאמען לעבענסמיטעל; צווייטענס, וועט עס די פרויען פערשפארען ארבייט און קאפּדרעהעניש, זיי וועלען זיך נישט ברויכען פערנעהמען מיט

דער קיך; דריטענס, וועט עס זיין מעהר היגיעניש און אזוי ווייטער. דער פלאן האט זעהר געפאלען. בעזונדער גאר העלפען לילי בראון אויסצופיהרען איהר פלאן א סך שרייבער, דאקטוירים, אדוואקאטען, וואס האבען ווי עס זעהט אויס, א סך געליטען פון זייער קיך...

* * *

אין טערקיי אפילו, וואס איז אזוי הינטערשטעליג געבליבען פון איירָאפעאישע בילדונג, מאכט די פרויען־בעוועגונג פארטשריט פון טאג צו טאג. עס איז אפילו שווער צו גלויבען, אז אין א לאנד, וואו די פרוי האט נישט מעהר קיין ווערט ווי א הויז־טהיר, וואו די פרויען טארען זיך נישט איבערשרייבען איינע מיט די אנדערע, אז אויך דא זאלען זיך געפינען פרויען, וואס זענען אין גאנצען איבערגעגעבען דער פרויען־בעוועגונג. די צאהל פון די פרויען אין דער טערקיי, וואס פאדערען פרייהייט איז יעצט שוין אזוי גרויס, אז אין קאנסטאנטינאפאל האבען זיי יעצט זייער צייטונג: „דער פרויען־אנצייגער". די צייטונג געהט ארויס יעדער חודש פון יאהר 1896 און ברענגט זעהר פיעל נוצען דער פרויען־בעוועגונג. נישט נאר וועגען פרויען ווערד אין דער צייטונג געשריבען, נאר פרויען אליין שרייבען דארט. איינע פון די מיטארבייטערינען איז די בעקאנטע טערקישע שרייבערין פאטמא אנון, די טאכטער פון א בעקאנטען גרויסען רעגירונגס־מאן פון טערקיי. זי איז יעצט זעהר בעקאנט אין קאנסטאנטינאפאל, איהרע ארטיקלען אין „פרויען־אנצייגער" האבען אומעטום געמאכט א גרויסען רושם. אויסער די ארטיקלען איז זי בעקאנט אויך אלס טאלענטפאלע דיכטערין. איהר פאעמא „אודי" ווערד אומעטום געלעזען. אין דער פאעמא איז אבגעשילדערט דאס ביטערע לעבען פון דער טערקישער פרוי, וואס איז אונטערגעווארפען אונטער דעם יאך פון די מענער, און זיפצט און ליידט אין הארעם.

אויך אין אינדיע איז די פרויען־בעוועגונג פערשפרייט. לויט דעם מנהג וואס הערשט דארט, ווערד די אינדיאנישע פרוי, נאך מיידעלווייז, איינגעזעצט אין א בעזונדער אבטהיילונג פון הויז, וואס הייסט „זענאנא". פון וואנען זי געהט נישט ארויס ביז זי שטארבט. די גרויסע ליכטיגע וועלט זעהט זי קיינמאל נישט פאר זיך און ווייסט נאר איהר געצעלט, זעהט נאר דאס שטיקעל הימעל, וואס זעהט זיך ארויס פונ׳ם פענסטעריל, וואס איז בעהאנגען מיט פארביגע פאר־האנגען. די פיהרערין פון דער פרויען־בעוועגונג איז דארט די בעקאנטע און זעהר רייכע פרינצעסין סאפיא סינג, די טאכטער פון לעצטען לאנארער פירשט. פאר עטליכע יאהר האט זי פערלאזט איהר פאמיליע און איז געפאהרען קיין טשיקאגא (אמעריקא), וואו זי האט זיך צוגעקוקט דער לאגע פון דארטיגע פרויען, דערביי האט זי שטודירט אין אוניווערזיטעט און האט אויסגעלערנט די מעדיצין. צוריקקומענדיג קיין אינדיע, האט זי מיט נאך עטליכע געבילדעטע אינדיאנישע פרויען, גענומען זיך צו ארבייטען פאר דער בעפרייאונג פון די אינדיאנישע פרויען. זיי האבען געגרינדעט 2 צייטונגען אין מאדראס און אין לאנאר, חוץ דעם פאהרען זיי פון צייט צו צייט ארויס אויפ׳ן פראווינץ. האלטען רעדען און פערשפרייטען זייערע געדאנקען מיט אלע מעגליכקייטען.

* * *

אין חינא איז א מנהג פון גאר, גאר אלטע דורות, אז די ווייבער האלטען די פיס לאנג געפרעסט, בעניצען פערשיעדענע מיטלען, אז די פיס זאלען ארויסקומען קלענער. א קליינער פוס איז פאר א חינעזי־

---

# פעליעטאן.

## וועער ווייסט?

ארָאמאן אין צוויי טהייל

פון

שלום־עליכם.

(פארטזעטצונג).

XV.

### ער באקענט זיך נעהנטער מיט זיינע חברים.

אז דוד האט זיך אויפגעכאפט אויפ׳ן אנדערען טאג אין דער־פריה פונ׳ם שלאף, זיך אויפגעזעצט אויפ׳ן בעטיל און דורכגעריבען די אויגען, איז די ערשטע מחשבה זיינע געוועזען: וואו בין איך? און איידער ער האט צייט געהאט זיך ארומקוקען איז איהם געפלוי־גען אין קאפ אריין א קישען, דאס האט איהם בופלאק מכבד געוועזען מיט א „גוטמארגען" און ריזשיק האט זיך געהאלטען ביי די זייטען פאר געלעכטער. דוד האט לאנג נישט געטראכט און האט אפגעשיקט צוריק דעם קישען בופלאקען אין קאפ אריין, האט בופלאק איבער־געגעבען ריזשיקען, ריזשיק דוד׳ן, דוד בופלאקען און אזוי ווייטער איינער דעם אנדערען, ביז ס׳איז זיי נמאס געווארען, איז מען אראפ אלע דריי פון די בעטלעך אין איינע העמדלעך, אויפגעהויבען דאס פארהאנגעל, געעפענט דאס פענסטער, און א גאנצער סנאפ ליכטיגקייט פון דער נאר וואס אויפגעגאנגענער זון מיט א פרישע מחיה׳דיגע קיהלקייט האט זיך אריינגעריסען צו זיי אין חדר אריין, פערגנב׳ט זיך אונטער די העמדלעך און געקיצעלט זיי זייערע יונגע ווארעמע לייבער. פון דער הויך פונ׳ם פינפטען שטאק האט זיך ארויסגעזעהען דער גלאנצענדיגער ים מיט דער אפגעשפיגעלטער זון אין זיינע ווייטע חוואלעס, און עס האט זיך געלאזט הערען א קלאפען און א טראסקען פון די לויפענדיגע דראשקעס איבער די אויסגעשטיינערטע גאסען. און מחמת ס׳איז נאך געוועזען פריה אויף אנצוטהון זיך, איז מען אלע דריי געבליבען זיצען אין איינע העמדלעך און געשמועסט; געשמועסט שוין גאנץ ערענסט. ניט אזוי ווי קינדער, געשמועסט אזוי ווי גרויסע מענ־שען שמועסען צווישען זיך. אויסגעדערצעהלט איטליכער ווער ער איז און פון וואנען און ווי אזוי דער טאטע הייסט, ווי אזוי די מאמע הייסט, און וויפיל ברידער ער האט און וויפיל שוועסטער, און ווי אזוי מע רופט זיי, און מיט וואס זיי האנדלען. קליינע קינדער, אז זיי ווילען זיין ערענסט זענען זיי אזוי ערענסט ווי גרויסע.

— מיין טאטע איז א חערסאנער פון חערסאן און אליין האנדעלט ער מיט פיש — דערצעהלט דער צווארצער בופלאק.

— מיט פיש? — זאגט דוד — מיין טאטע האנדעלט אויך מיט פיש.

— וואו? אויפ׳ן דאן?

— אויפ׳ן דאן.

— פאהרט קיין צאריצין?

— קיין צאריצין.

— ווי אזוי רופט מען איהם?

— לייב פישמאן.

— לייב פישמאן? נו און מיין טאטען רופט מען משה שווארצ־ביין און ער האנדעלט אויך מיט פיש און פאהרט אויך אלע יאהר אויפ׳ן דאן קיין צאריצין.

שער פרוי דאס אייגענע וואס פאר אונז דא, אין איראפא, א שען פריש פנים. אט אזוי מאכען זיי זיך פאר קאליקעס, שניידען, פרעסען די פיס און קענען דעריבער נישט געהן גלייך. אין דער לעצטער צייט אבער האט זיך געגרינדעט א חברה, וואס וויל דעם מנהג מבטל זיין, און אין א קורצער צייט האבען זיך פערשריבען אין דער חברה 300,000 מיטגליעדערינען.

ווי מיר זעהען פערשפרייט זיך די פרויען-בעוועגונג אומעטום, חאטש אין יעדען לאנד אויף איין אנדערען אופן. עגיפטען (מצרים) און אראביע זענען אויך נישט געבליבען פון ווייטען. אין פערסיע נאר, ווי עס זעהט אוים, קען מען די פרויען-בעוועגונג נישט. ווילפראד סקאראי, איין איראפעער, וואס איז לאנג געוועזען דער ערציהער פון פרינץ אין פערסישען הויף. דערצעהלט, אז די פרויען אין פערסיע שטעהען נאך זעהר נידריג, און אויסער טואלעטען, קאסטיומען און שענהייט האבען זיי גאר קיין בעשעפטיגונגען נישט. און אויך די שענהייט זייערע איז גאר א מאדנע. א פנים, וואס זאל נישט זיין געפארבט און געפאדערט אזוי פיעל, אז מען זאל קיין לעבעדיגע צורה נישט קענען דערקענען, הייסט נישט קיין שען פנים. דאס שענסטע פנים אפילו ווערד מאוס אונטער די פארבען און דעם אנגעלעגטען פודער. עפים דאכט זיך, אז דאס זענען נישט קיין פנימ'ער, נאר מאסקעס אהן לעבען און אהן א פונק נאטירליכקייט. דער זעלבער סקאראי דערצעהלט, אז דער פערשטארבענער שאך נאסאר-עדין, צוריק-קומענדיג פון זיין ערשטער רייזע דורך איראפא, האט זיך גענומען צו רעפארמען אין זיין לאנד, און האט אנגעהויבען און אויסגעלאזט דערמיט, וואס ער האט בעפוילען, אז די ווייבער אין זיין הארעם זאלען זיך אנטהון ווי די איראפעאישע באלעטניצעס.

דעם שאך האט וועניג וואס געארט, וואס זיין לאנד איז אזוי ווילד, אונגעבילדעט, אז אומעטום גנב'ט מען און מען נעמט שוחד אפען פאר אלע, אז די נויט וואקסט פון טאג צו טאג, דאס זענען געוועזען אזעלכע קלייניגקייטען, וואס דער מלך-המלכים האט זיך גאר נישט צו'ם הארץ גענומען, ווייל איהם האט אינטערעסירט אזא מין נייטהיגע זאך, ווי דאס אנטהון פון זיינע ווייבער, אז זיי זאלען נישט זיין ערגער געקליידעט פון די פראנצויזישע באלעטניצעס.

ו א ל ף  ד א נ ע מ א נ.

# די פרויען-וועלט.

## I.

## אלגעמיינע נייעס.

(א נאטע צו די קעניגין פון האלאנד). דער פרויען-שוץ פעראיין אין האלאנד האט געשיקט איין אדרעסע צו די קעניגין פון האלאנד מיט דער בקשה צו מאכען נייע שטרענגע געזעצע געגען די וואס פערפיהרען אומשולדיגע מיידלעך.

(שטודירענדע פרויען). לויט די מעלדונגען פון דער רע-גירונג אין וואשינגטאן האט זיך די צאהל פון די שטודירענדע מענער אין אמעריקא אין די לעצטע צעהן יאהר (פון 1890 ביז 1900) פערמעהרט אויף 60 פראצענט און די צאהל פון די שטודירענדע פרויען אויף 148 פראצענט.

(פרויען-אינזשיניערען). אין ניו-יארקער אוניווערזיטעט האבען זיך דריי פרויען געמעלדעט צו שטודירען דאס אינזשיניער-פאך.

(א טעכנישע האכשולע פאר פרויען). די אופיציעלע-בע-אמטע אין ניו-יארק האבען בעשלאסען צו גרינדען א טעכנישע האכשולע

— און מיין טאטען רופט מען חיים רויטשטיין און ער האנדעלט נישט מיט פיש נאר מיט פאפעשויעס — רופט זיך אן ריזשיק, — און אליין זענען מיר קעשעניווער, פון קעשעניוו. דאס הייסט מיר זיצען אין קעשעניוו און פאפעשויעס קויפט דער טאטע אין גאנץ בעסאראביע.

— וויפיל קינדער זענט איהר — טהוט בופלאק א פרעג ביי דוד'ן, און דוד ענטפערט איהם:

— צעהן און מיט מיר איז עלף.

— א האי, קיין עין הרע ניט! — מאכט בופלאק — און מיר זענען איננאנצען דריי, צוויי ברידער מיט איין שוועסטער, דאס הייסט, געוועזען זענען מיר פיער, איז מיין עלטערער ברודער נחמיה געשטארבען פון טשהאטקע. ער איז שוין געוועזען א חתן, ס'האט געזאלט זיין שבת נאך שבועות די חתונה, איז ער באלד נאך פסח געשטארבען און האט געהאט א לויה סכנת נפשות! אזוי ווי היינט געדענק איך נאך, סע שטעהט מיר פאר די אויגען, ווי די מאמע חלש'ט, ווי דער טאטע שלאגט זיך מיט ביידע הענד אין קאפ, שרייט: לאזט מיך! לאזט מיך! ער וויל זיך געהן היינגען אדער טריינקען, האלט מען איהם צו ביי די הענד און מע לאזט איהם ניט.

די דאזיגע טרויעריגע מעשה ווארפט אן א מאדנע מרה שחורה אויפ'ן יונגווארג און אלע דריי פארטראכטען זיך, א שווארצע חמארע רוקט זיך אן אויף זייערע פנימ'ער און זיי ווערען שטארק ערענסט. קליינע קינדער, אז זיי ווילען זיין ערענסט זענען זיי מעהר ערענסט פון גרויסע; און הויבען זיי אן צו רעדען פון געשטארבענע, ווערד ביי זיי דאס פנים משונה אויסגעצויגען, די אויגען גרויס און א טיפער-טיפער זיפץ רייסט זיך ארויס פונ'ם הארצען און נעהמט צו א שטיק געזונד.

— אז מיין עלטערער ברודער נחמיה איז געשטארבען — אזוי דערצעהלט דער שווארצער בופלאק — בין איך מיט מיין שוועסטעריל דעמאלט געוועזען אין דרויסען, זיך סאמע געשפיעלט אין באבקעלעך. פלוצים הערען מיר א געשריי: „משה! משה! גיכער!" דאס האט די מאמע אזוי געשריגען, גערופען דעם טאטען, ער הייסט משה, דער טאטע מיי'ער. האב איך דיר דאכט זיך שוין געזאגט, אז ער הייסט משה שווארצביין. און פלוצים הערען מיר עפים א שטארקען קלאפ. מיר לויפען אריין אין שטוב אריין, איך מיט מיין שוועסטעריל, מיר טהוען א קוק — ערשט די מאמע זיצט אויף א ביינקיל, דעם קאפ פארווארפען אהינטער און חלש'ט; ארום איהר שטעהען מענשען אנגע-בויגען און ראטעווען זי, מע שפריצט איהר וואסער אין פנים אריין, מע קוועטשט איהר די שלעפען. זי חאפט זיך אויף אויף א רגע עפענט אויף די אויגען און חלש'ט ווייטער. און דער טאטע זיצט אויף א בעטיל און צוויי מומעס, די מומע שרה'ל און די מומע עטיל, האלטען איהם פאר ביידע הענד; ער רייסט זיך און זיי לאזען איהם ניט; ער שרייט: לאזט מיך, לאזט מיך! אט טרענק איך זיך, אט הענג איך זיך, לאזט מיך. און ביידע מומעס, די מומע שרה'ל און די מומע עטיל, בארען זיך מיט איהם, לאזען איהם ניט, און טענה'ען צו איהם: גאט איז מיט דיר, משה! וואס טהוסט דו? וואס זינדיגסט דו? טהו א קוק אויף דיינע קליינע קינדער... דאס מיינען זיי אונז, מיך מיט מיין שוועסטעריל. מיר טריטען אפ אן א זייט און דערזע-הען נחמיה'ן ווי ער ליגט און שלאפט, עפים ווי שטארק פארטיעפט אין מחשבות, נאר בלייך-בלייך, וויים אזוי ווי קרייד, די קאפ פארווארפען, איין אויג צוגעמאכט, די אנדערע אפען און קוקט-קוקט ארויף...

פאר פרויען, די דאזיגע שולע וועט זיין די ערשטע טעכנישע האכשולע אין שטאדט.

(פרויען־ארבייט אין דער אויסשטעלונג). אויף דער לאנד־ווירטשאפטליכע אויסשטעלונג, וואס איז פאריגען חודש געוועזען אין ווילנא, האבען פיעל פרויען געשיקט זייערע ארבייטען און פיעל פון זיי האבען בעקומען פערשיעדענע מעדאילען, ווי: פירסטין אגינסקא אויס פלונגיאן; זאפיא פאמעראנץ; אלגא לינקיעוויצאווא; עווא רודמינא; אנא מאהלובנא און נאך אנדערע.

II.

## יודישע נייעס.

(א יודישע פרוי בעקומט איין ארדען). די אלמנה מאט־הילדע שטעטינער אויס בערלין האט בעקומען דעם לואיזען־ארדען צווייטער קלאסע.

(ד"ר הארוויץ אויף דעם פרויען־שוץ קאנגרעס). אין איינעם פון די לעצטע פערזאמלונגען, וואס זענען געוועזען אויף דעם קאנגרעס געגען שענדליכען האנדעל אין פראנקפורט אם מאין, האט דער פראנקפורטער ראבינער ד"ר הארוויץ געהאלטען א רעדע, אין וועלכע ער האט דערמאנט די געזעצע אין צפון אמעריקא, לויט וועלכע מען לאזט קיין ארעמע פאסאזשירען נישט ארונטער פון שיף. עס וואלט א יושר געוועזען, מיינט דער רעדנער, אז מען זאל אין אלע האפענס איינפיהרען אזוינע געזעצען פאר מיידלעך, וואס קומען אליין צופאהרען און האבען קיינעם נישט וואס קומען זיי אבנעמען. דערפון וועט ארויס קומען א גרויסע טובה, אזוינע פאסאזשירען וועלען מוזען צוריק אויף די אייגענע שיפען אהיים פאהרען און די בעלי־הבתים פון די שיפען וועלען שוין נישט ארויף נעמען אזוינע פאסאזשירען, וואס האבען נישט קיין רעכט צו פאהרען, און קיין מיידעל וועט שוין אליין נישט רייזען אין די ווייטע לענדער און וועלען במילא נישט אריין פאלען אין די הענד, וואס האנדלען מיט דעם שענדליכען האנדעל. דער רעדנער האט אויך דערמאנט אלץ, וואס די יודישע חברות האבען געטהון אין דעם ענין. נישט לאנג האט די רבנים־אסיפה אין פראנקפורט בעשלאסען ארויס צו געבען א "יודישעס אדרעס־בוך" פאר פרויען, בכדי די מיידלעך זאלען קענען לויט דעם בוך באלד געפינען די פערזאן וואס זיי זוכען און נישט אריין־פאלען אין שלעכטע הענד.

(א קרבן צוליעב פרומקייט). דעם פאריגען יום כפור איז אין בערלין פלוצלינג געשטארבען א יודישע פרוי פון 60 יאהר. די דאזיגע פרוי, וועלכע האט נישט געהאט קיין פאמיליע האט געוואהנט ביי א פאמיליע אין א קליין צימערל, זי האט שוין מעהר ניט געקענט ארבייטען און האט געלעבט פון שטיצע, וואס גוטע לייט האבען איהר געשטיצט, די בעל־הבית'טע און די קינדער ביי וועמען זי האט געוואהנט, פלעגען איהר תמיד עפי"ם אונטערטראגען, דאס הארץ צו דערהאפען. דאס אייגענע האבען זיי אויך געטהון דעם פאריגען יום־כפור, די אלטע יודישע פרוי אבער האט פון דעם עסען, וואס מען האט איהר אריינגעטראגען נישט אנגעריהרט, הגם זי האט זיך געפיהלט זעהר שוואך אזוי אז זי וואלט געפרעגט א שאלה ביי א רב וואלט מען איהר געוויס מתיר געוועזען צו עסען, ווי דער דין איז. זעכס דעם זייגער פון אווענד האבען די קינדער געזעהן דורך דעם פענסטער ווי די אלטע שטעהט און דאווענט און שלאגט זיך על חטא, דאס איז שוין געוועזען איהר לעצטע תפלה, אז די איינוואהנער האבען בעמערקט, אז זי קומט נישט מעהר ארויס האבען זיי געלאזט רופען פאליציי און מען האט איהר געפונען ליגענדיג טויט אויף דר'ערד, און נעבען איהר איז געשטאנען דאס עסען, וועלכעס זי האט נישט אנגעריהרט, מען האט באלד געלאזט רופען א דאקטאר און ער האט דערקלערט, אז דאס פאסטען האט איהר פערשאדט, עס איז איהר פון שוואכקייט אויסגעגאנגען די כחות.

---

דאס דאזיגע שרעקליכע בילד רופט ארויס א שוידער ביים יונגוואַרג און אלע דריי רוקען זיך צונויף נעהנטער איינס צו דאס אנדערע, אזוי ווי די לעמעלעך, אז עס פאלט אן אויף זיי א מורא... נאך א צוויי מינוט שטילשווייגעניש רופט זיך אפ ריזשיק.

— און מיין מאמע, אז זי איז געשטארבען, האב איך גאר נישט געוואוסט. איך בין דעמאלט אלט געוועזען אכט יאהר און האב געלערענט אין חדר. קומט מען צו געהן אין חדר אריין, מע עפענט מיר אויף א תדור, מע מישט מיר אויף קדיש און מע זאגט מיר: זאג קדיש! זאג איך קדיש. אז איך האב אפגעזאגט קדיש, רופט זיך אן צו מיר דער רבי: "אלע טאג זאלסט דו געהן אין שול אריין, אין דערפריה און אויף דער נאכט, זאגען קדיש נאך דער מאמען, דיין מאמע איז געשטארבען"... תחילת בין איך געבליבען זיצען ווי א פארדולטער. איך האב עס גאר ניט פארשטאנען, וואס הייסט די מאמע איז געשטארבען? ווער וועט מיר געבען אנבייסען אלע טאג אין חדר אריין, באשמירען ברויט מיט האניג, אדער אגעבראטענעם עפיל, אדער א געבאקען איי? ווער וועט מיך אויסצוואגען אלע פריי־טאג פאר'ן טשאלענט, אויסקעמען און אנטהון שבת'דיג? ווער וועט מיר איינגעבען ווערעמקרויט אלע ערב־ראש־חודש אויסגעמישט מיט איינגעמאכטס אדער מיט פאווידלע?... ערשט נאכדעם, אין עטליכע מינוט ארום האב איך זיך צעוויינט אויף א קול, איז צוגעגאנגען די רביצין אונזערע, א שווארצע יודינע מיט א רויטער נאז, גנעסי האט מען זי גערופען, און האט מיך אנגעהויבען טרייסטען, אויסרעדען דאס הארץ: "וויין נישט, יונגעלי, וויין נישט, קינדעניו, דער טאטע דיינער איז אוועקגעפאהרען קיין בארדיטשעוו, נארעלי, חתונה האבען, נישקשה, ער וועט דיר ברענגען איין אנדער מאמע"... האב איך זיך צעוויינט נאך שטארקער און צעהליפעט: "איך וויל ניט קיין אנדער מאמע, איך וויל ניט!"... רופט זיך אן די רביצין, "אט וועט מען פרעגען ביי דיר איין עצה, צי ער זאל יא חתונה האבען צי ער זאל ניט חתונה האבען! די מאנסבלען האבען קיין מאל קיין צייט ניט, קוים וואס זיי לעבען איבער שלושים! נאך א גליק! זיי זאלען זיך ניט שעמען פאר לייטען וואלטען זיי תיכף נאך שבעה חתונה געהאט! לאז אבער פרובען די מאמע בלייבען איין אלמנה!"... אזוי האט זיך די רביצין מיינע צעלאזט ווי פון א מענה לשון. האט זי דער רבי, זרח האט מען איהם גערופען, מאוס אפגעטריבען, געהייסען געהן אכטונג געבען צו דער ראשטשינע, דארט איז איהר ארט!... און זי האט נעבאך געמוזט אפטריטען...

— חברה פלעציל! טאמער וואלט געוועזען גענוג צו רעדען? איהר וועט נאך צייט האבען זיך אנרעדען! טהוט זיך אן, וואשט זיך איין און קומט טרינקען טיי!

אזוי האט זיך אנגערופען פונ'ם צווייטען חדר דער לעהרער און "חברה־פלעציל" האבען זיך א ווארף געטהון אנטהון זיך, איינוואשען זיך, פארקעמען זיך, און זענען ארויס אלע דריי פריש און צאפעלדיג, לעבעדיג און פרייליך, אויסגעזעצט זיך אלע דריי ארום טיש טרינקען טיי. און דארט האט זיי דער לעהרער בעקאנט געמאכט מיט א נייעם פארשוין, טאקי מיט זיינעם א זוהן, א בן יחיד, מיט'ן נאמען ארקאדי, "ארקאדי זיסערמאן", ווי דער פאטער האט איהם פארגעשטעלט.

(פארטזעטצונג קומט.)

Herausgeber Verlag »Volksbildung«. Verantwortlicher Redacteur Moses Deutscher, Krakau. Druck v. S. L. Deutscher, Podgórze b. Krakau